Rok I. Żydowska Gazeta Robotnicza. Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 26.

די אדרעסע פון דער רעדאקציע און אדמיניסטראציע:
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Sławkowska 29.
טעלעפאן נומער 624
איינצעלנע נומער 8 העל.

יודישע
# ארבייטער=צייטונג
ארגאן פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי.
ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז:
יעהרליך: 4. קראנען.
האלביעהרליך: 2. קראנען.
פירטעליעהרליך: 1. קראנע.
פרייז פון אנאנסען:
פיר יעדער שורה פעטיט־אדער איהר פלאטץ 10 העללער.

Kraków, piątek 29 września 1905. נומער 26. קראקוי, 29 סעפטעמבער 1905.

# גענאססען, קלויבט אויפ'ן פרעספאנד!

## ארבייטער! פארטיי־גענאססען

אין א בעראטהונג אונטער דער פארזיטץ פון קייזער האט דער עסטרייכישער מיניסטער־פרעזידענט אייך אונגעהייער בעליידיגט. ער האט מיט העזה ניט געוואלט אנערקענען די רעכט וואס קומען אייך, איז ארויסגעטרעטען אהן בושה געגען אייער צוקונפט, האט מבזה געווען אייער עהרע אלס קלאסע און האט אייך בעהאנדעלט ניט אלס בירגער פון דער מלוכה. גאוטש האט זיך דעמאסקירט אלס געגנער פון ארבייטער פאלק, מיר בראנדמארקען איהם דעריבער אלס פאלקס־פיינד!

שטעהט אויף, ארבייטער, און זייט אייך נוקם פאר די חרפה, וואס מען האט אייך אנגעטהון! מאכט אונשעדליך דעם, וואס דאט מיט די פיס געטראטען די רעכט פון פאלק! קינדעט אן'אונערביטערליכען קאמפף די אלע, וואס ווילען ניט אנערקענען אייערע הייליגע פאדערונגען; צייגט קלאר די הערשער פון דער מלוכה, אז די צייטען פון אייער אונטערטהעניגקייט זענען שוין פערביי, אז די ארבייטער אין עסטרייך זענען בעשלאסען אין אלע אומשטענדען און מיט אלע מיטלען ערקעמפפען די פולע רעכט, דאס אלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואהלרעכט.

דער עסטרייכישער מיניסטער־פרעזידענט האט ביי די בעראטהונגען אין אישל און אין וויענער האפבורג געלענט זיין וועטא (פראטעסט) געגען די איינפיהרונג פון אן'אלגעמיינעם וואהל רעכט אין אונגארן. איהם און דעם האפמיניסטער גאלוהאויסקי איז עס צו דאנקען, דאס דער קייזער האט פארווערט פארלעגען דעם אונגארישען פארלאמענט דעם שוין פערטיגען געזעטץ־פראיעקט. ניט אויס רעספעקט פאר די רעכט פון פאלק, נור צוליעב דער קרוין און איהרע פריווילעגיען האט דאס אונגארישע מיניסטעריום פארנעבריים דעם פלאן: צו בעזייטיגען דעם קריזיס פון דואליזמוס מיט דער הילף פון א ראדיקאלע ענדערונג פון דעם אונגארישען פארלאמענט. כדי צו ברעכען די פאר די קרוין שוין זעהר אונאנגענעהמע מאכט פון דעם אונגארישען פארלאמענט, האט מען געוואלט אין אונגארן איינפיהרען דאס אלגעמיינע וואהלרעכט. דאס וואס גאוטש האט אויסגענוטצט די אלטע אבנייגונג פון דער עסטרייכישער דינאסטיע צו פערברייטערן די רעכט פון פאלק כדי אומצושטירצען די רעפארמען פון קריסטאפפי און האט דערמיט אליין נור צוגענרייט דעם פאלקאמענען טריאומפף פון דער קאאליציע און האט דער „עהרווירדינער מאנארכיע" געבראכען דעם נאקען, — דאס קימערט די ארבייטער נאטירליך גאר ווייניג. דא נעהט עס נור אום דעם, אז גאוטש האט זיך געווענדעט געגען די רעפארמע, וועלכע איז נויטהיג פאר דעם פון א שייקע בעהערשטען אונגארישען רייך, אז ער האט געהאלפען בערויבען פון פאליטישע רעכט די מיליאנען אויסגעבויטעטע, אונזערע ברידער אין אונגארן, זיי די פאליטישע עקזיסטענץ אבצוזאגען. אין דעם נאמען פון סאלידאריטעט מיט אלע ארבייטענדע מענשען, סאלידאריטעט, וועלכע די שטאאטליכע גרענעצען זענען ניט אומשטאנד צו ברעכען, טרעט דער עסטרייכישער פראלעטאריאט ארויס געגען דעם פערברעכען אן די אונגארישע ארבייטער און קלאגט אן גאוטש'ען אלס דעם שולדיגען פון דער עולה.

אבער גאוטש האט אויפגעהויבען זיין האנד אויך אויף די רעכט פון די ארבייטער אין עסטרייך. ער איז געוועזען געגען איינפיהרען דאס אלגעמיינעס וואהלרעכט אין אונגארן דערפאר, ווייל דורך דעם קען ענטשטעהן א געפאהר, מען זאל מוזען איינפיהרען דאס אלגעמיינע און גלייכע וואהלרעכט אויך אין עסטרייך. מערקט אייך, ארבייטער, וואס דער עסטרייכישער מיניסטער זאגט! אייער רעכט הייסט ביי איהם א סכנה פאר דער מלוכה. דאס וואס איהר האלט פאר א עלענדען רויב פון אייער רעכט, איז ביי איהם א „שטאאטליכע נויטוועגדינקייט". א ביישפיעל לאזט וואהל אונרעכט מאכט אייך צו די פאריאס פון דער מלוכה; הערר פאן גאוטש ערקלעהרט, אז איהר מוזט אייביג בלייבען אהן רעכט. רעכט פערלאנגט איהר פון עסטרייך; דער עסטרייכישער מיניסטער־פרעזידענט זאגט דעם קייזער, אז אין עסטרייך קען דאס רעכט קיינמאל ניט הערשען! איהר האפט אויף גערעכטיגקייט; גאוטש וואגט זיך צו ערקלעהרען, אז עס וואלט געוועזען אן'אומגליק ווען מען וואלט די עסטרייכישע פעלקער געגעבען גערעכטיגקייט! גיט דעם פאלק וואס איהם קומט; דאס לעהרט די חכמה די הערשער. ניב קיינמאל די עסטרייכישע פעלקער וואס זיי קומט; אזוי ראטה גאוטש זיין מאנארך.

איהר קענט דאס ביטערע אונרעכט פון דעם איצטיגען וואהל סיסטעם, ווען א הייפעל אדעליגע גרויס־גרונד־בעזיטצער בעזיטצט מעהר רעכט ווי אלע דערוואקסענע מענער פון דעם גאנצען רייך, וועלכען זיי מוזען אויסהאלטען אין דער צייט פון שלום און פערטיידיגען אין א עת מלחמה. גאוטש איז מודיע: זאל דער המון צאהלען פאדאטקעס, וויפיעל דער שטאאט ברויך; דעם מיליטער אבגאט זאל ער בריינגען קרבנות, ווי פיעל די גרויס מאכט פאדערט נור. אבער קיין רעכט דארף מען איהם ניט געבען, קיין רעכט דארף ער ניט בעקומען, ווייל דאס וואלט געווען א געפאהר — אזוי זאגט דער עסטרייכישער מיניסטער־פרעזידענט. צו האט וועלכער עס איז מיניסטער אזוי מבזה געווען די ארבייטער קלאסע אין א לאנד, צו האט ווער אזוי שטארק בעשטריטען די פארערונגען פון די ארבייטער, ווי דאס האט געטהון גאוטש, מיט זיין ווארנונג פאר די ארבייטער?

ענטפערט, ארבייטער, דעם פיינד פון דעם ארבייטער פאלק! שטעהט אויף, פראלעטאריאט פון אלע נאציאנען אין עסטרייך, און זייט איהם מודיע, אונזער פעסטען בעשלוס: מיר ווילען נוט רוהען און ניט ראסטען, כל זמן דער אנפאל אויף די עהרע פון דער ארבייטער קלאסע, דער אטענטאט אויף די רעכט פון דעם ארבייטער פאלק וועט ניט אבגעשטויסען ווערען, כל זמן דער פאלקס פיינד וועט ניט בעזייטיגט ווערען. נידער מיט גאוטש'ען! — דאס איז דער ענטפער פון די סאציאל־דעמאקראטען אויף די העזה'דיגע הערויספאדערונג; דאס וועט זיין אונזער פאראל, ביז דער שולדיגער וועט ניט בעשטראפט ווערען. און ניט נור דיעזער מאן מוז פאליטיש פערניכטעט ווערען, די עלענדע, שענדליכע, די פעלקער און שטאאט פערניכטענדע וואהל פריווילעגיען מוזען ענדליך פערשווינדען. — נידער מיט די פריווילעגיען און נידער מיט גאוטש'ען, זייער היטער! עס לעבע דאס אלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואהל רעכט! נידער מיט די פעסטונגען פון אונרעכט! עס זאלען בעשאפען ווערען פרייע וועגען פאר די גייסטיגע, פאליטישע און סאציאלע ענטוויקלונג פון די פעלקער!

זאמעלט אייך, ארבייטער, און זייט מודיע מיט א הויכע שטימע אייער ווילען!

האָט זיך געפֿונען איינער אַ מיניסטער, קריסטאָפֿפֿי און האָט געהאַט דעם מוטה צו זאָגען אויבען דעם גאַנצען אמת: מען דאַרף איינפֿיהרען דאָס אַלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואַהלרעכט, דאַן וועלען די אַלע מאַגנאַטען מיט איין מאָל אַראָב פֿון דער פּאָליטישער אַרענע. ווי דער פּראָיעקט האָט דאָרט געשמעקט קען מען זיך פֿאָרשטעלען, אָבער אויסגעהערט האָט מען איהם און זאָגאַר געהייסען פֿאַרלעגען דעם פּאַרלאַמענט. האָט זיך אָבער דער עסטרייכישער לאָקאַי אַזוי איבערגעשראָקען, אַז ער איז שיער קראַנק געוואָרען פֿאַר שרעק. אויף די אויסגעריבענע לאָקאַישע קניע האָט ער געבעטען, מען זאָל אפילו וועגען דעם ניט רעדען, ער האָט מורא עס וועט שאַדען. און ווייל מען האָט איהם אויבען ליעב און ווייל מען האָט זיך פֿיעלייכט דערמאַהנט אַז ווי אַ בהמה פֿיהלט פֿאַר דאָס געוויטטער, קען אַ מלוכה־לאָקאַי פֿאַר פֿיהלען אַן־אומגליק — האָט מען נאַכגעגעבען. דער מיניסטער האָט בעקומען די מיסיע. די אַרבייטער פֿון אונגאַרן קענען אַלזאָ זאָגען: צו ליעב די אויסגעריבענע קניע פֿון אַן־אַלטען לאָקאַי האָבען מיר ניט קיין וואַהל רעכט.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז ווי נור מען איז דערפֿון געוואָהר געוואָרען האָט אָנגעהויבען צווישען די אַרבייטער פֿון גאַנץ עסטרייך צו זיעדען און קאָכען. זייט באַדעני, האָט קיין מיניסטער־פּרעזידענט ניט געהאַט אויסצוהערען אַזוי פֿיעל געוואַלדיגע אַטאַקען וואָס גאַוטש האָט אויסגעהערט אין די פּאַר וואָכען. אויסער די אַרטיקלען אין דער פּאַרטיי פּרעסע האָט זיך צונויפֿגעקליבען ספּעציעל אַ פּאַרטיי־קאָנפֿערענץ, וועלכע האָט אַרויסגעגעבען דעם אויבען געדרוקט מאַניפֿעסט. זונטאַג זענען אין גאַנץ עסטרייך געוועזען ריעזיגע פֿערזאַמלונגען מיט דעמאָנסטראַציעס, אויף וועלכע די רעדנער האָבען שאַרף בעקעמפֿט די היינטיגע רעגירונג.

איצט איז שוין יעדען קלאָר אַז ניט דער עסטרייכישער און ניט דער אונגאַרישער פּאַרלאַמענט וועט ניט געזונד ווערען כל זמן מען וועט ניט אַבשאַפֿען דעם היינטיגען אונגערעכטיגען וואַהל־סיסטעם.

דאָס בעטען און שרעקען זיך פֿון די פֿערשיעדענע לאָקאַיען קען עס נור אַבציהען, אָבער אויך ניט אויף לאַנג.

# פֿון די בערג.

1.

מיט רויכיג־שוואַרצע וואָלקען איז
די מערב וואַנד פֿערהאַנגען.
בגנבה הינטער זיי די זונן,
איז אין די בערג פֿאַרגאַנגען.

די לאַנד־שאַפֿט ליגט אין גרויען ליכט,
צו־וואָרפֿען אָהן אַ סדר,
עס טהוט זיך אָן די גאַנצע וועלט,
אין אַלטע שטורעם־קליידער.

די ביוסער שאָרשקען רוגזה'דיג:
„וואו קען מען זיך אהינטאָן?
עס קומט אַ נאַכט, אַ שוואַרצע מאַכט
פֿון רעגען און פֿון ווינטען...

אָט פֿלאַקערט שוין אַרויס אַ בליץ...
באַלד קומט ער, דער מחבל,
דער ווילדער שטורעם פֿון די בערג,
און ברענגט מיט זיך אַ מבול.

2.

אָבגעטוממעלט האָט דער שטורעם
האָט זיין כעס שוין אויסגעלאַזען,
זיסע זוממער־נאַכט־מנוחה,
שמעקט פֿון בוימען און פֿון גראַזען.

האָט מען אָבגעריסען. אין שטאָדט איז געוואָרען פּוסט, עס שפּאַצירען נור די פּאַטרולען.

— זוכען זאָל מען די אויטאָרען פֿון אויפֿרוף! זוכען און איינזעצען!

דער ראַטה וועלכער איז געוועזען אַרום גענומען מיט אַ קריעגס פֿיבער, האָט געוואָלט דערגרייכען ביז צום גרונד און נאָכהער טרעטען זיי מיט די פֿיס.

דאָ ערשיינט דער שעף־מייסטער מיט אַ גרויסען בויגען אין דער האַנד. אַן אויפֿרוף.

— צו זענט איהר אויף די טריט פֿון די אויטאָרען?....

אַנשטאָט אַן ענטפֿער האָט ער אויפֿגעוויקעלט אַ גרויסען פּלאַקאַט.

— מיר ווייסען שוין, מיר קענען, מיר האָבען געלעזען.

— איך ערלויב זיך צו בעמערקען אויף די אונטערשריפֿטען.

— זענען דאָ אַלזאָ אונטערשריפֿטען?

— ביי די ענדע.

— נאָך געמאַכטע?...

— איך ווייס ניט.

— לעזען זי.

— איך וואַג ניט.

זיי האָבען זיך דערנעהערט און האָבען אָנגעהויבען לעזען...

און זיי זענען פֿערוואונדערט געוואָרען! אונטער'ן אויפֿרוף זענען געוועזען זייערע אייגענע צוועלף נעמען און פֿאַמיליעס. די גאַנצע „ראַטה פֿון די צוועלף איז געוועזען אונטערגעשריעבען אויף דער צווייטער זייט פֿון פּלאַקאַט.

— דאָס איז אַ בעטרוג. אין קיין איין סטענאָגראַם, וואָס מיר האָבען געבראַכט איז ניט געוועזען קיין איין אונטערשריפֿט.

— מען האָט אויסגעקלעבט דעם אויפֿרוף, אַרונטערוויקלענדיג דעם עק פֿון בויגען מיט די פֿאַמיליעס און מיט די דאַטע.

וואָס פֿאַר אַ דאַטע?

— פֿון פֿינף און דרייסיג יאָהר צוריק. דער אויפֿרוף איז איבערגעדרוקט געוואָרען וואָרט אין וואָרט (איך האָב נאָך געזעהן אין אַרכיוום) דער זעלבער פֿון פֿינף און דרייסיג יאָהר צוריק.

עס איז געוואָרען שטיל. עס האָט זיך געדאַכט דאָס מען הערט דאָס גערויש פֿון פֿליגעל, וועלכע קומען צו פֿליהען פֿון דער ווייטען, פֿון דער פֿערגאַנגענהייט.

„די יוגענד צום פֿאָלק!"

„אין נאָמען פֿון הייליגען פֿריהלינג וואָס מאַכט אויפֿלעבען די אַלוועלט־ליכקייט...

אַזוי איז... זיי האָבען קוים דערקענט דעם שוואַכען אָבקלאַנג פֿון די לאַנג פֿערגאַנגענע טעג.... דאָס זענען זיי אַליין געוועזען די יוגענד, זיי צוועלף, וועלכע האָבען יאָהרען צוריק געפּרעדיגט פֿאַר די וועלט די אויפֿלעבונג פֿון פֿריהליג מיט ווערטער פֿון אַ בונט.... אין די מאַסע האָט געלעזען... די פּאַטראָלען האָבען צו יאָגט... דעם אויפֿרוף האָט מען אָבגעריסען... זיי האָט מען פֿערפֿאָלגט, איינגעזעצט...

„פֿון איין זייט איז אויף זיי געפֿאַלען צייכען פֿון מערדער", פֿון דער צווייטער זייט איז אויף די געשווינדען העלדענטהום... פֿינף און דרייסיג יאָהר צוריק....

— וואָס דאַרפֿען מיר טהון? — האָט אַ פֿרעג געטהון אַ בעאַמטער.

— האָכגעשעצטער ראַטה! האָט איבערגעריסען די שטילקייט דער פּרעזידענט מיט אַ פֿרייליכען טאָן — אברהם אבינו האָט ניט מורא געהאַט צו לעגען אַן אָפּפֿער זיין קינד. יונוס ברוטוס — צו שטראָפֿען זיין זוהן, ווען ער האָט זיך פֿערשולדיגט — לאָמיר ניט זיין וועניגער שטאַרק געגען אונז זעלבסט. ניט דערפֿאַר געפֿינען מיר זיך אויף דעם אָרט, דאָס מיר זאָללען זיך האַלטען ביי אונזערע טעות'ן פֿון אונזערע יוגענד, נאָר דערפֿאַר ווייל מיר האָבען זיך צו דער צייט פֿון זיי אָבגעטרעטעלט. די זעלבע געזעצען וואָס זענען געוועזען פֿינף און דרייסיג יאָהר צוריק זענען אויך היינט. וואָס מען האָט דענסמאָל פֿאַרוועהרט. טאָר מען אויך היינט ניט פֿערשפּרייטען. נידער אַלזאָ מיט די פֿיהלבאַרקייט! די לעהרע, וואָס מיר האָבען בעקומען פֿון די ערוואַקסענע אין דער יוגענד, דאַרפֿען מיר כּסדר אָבגעבען די יוגענד. דער אויפֿרוף, אָהן אונטערשיעד ווער עס האָט איהם פֿערפֿאַסט, איז אַ מער־

זאמעלט אייך אין די פערזאמלונגען, זאמעלט אייך אין די מאסען; גענוואלטיג זאל זיין אייער אויפמארש און ענטשלאסען אייער טהאט! זייט מודיע אייער ווילען, אז דאס רעכנען אויף די געדולדיגקייט פון פאלק איז פאלש, אז דאס שפיעל מיט די פאלקס־רעכט איז צו ענדע. אייער אבגע־ארדנעטע וועלען אויסדריקען אייער ווילען אין פארלאמענט, איהר אבער וועט צייגען די הערשער, אז די ארבייטער קלאסע אין עסטרייך איז אייניג אין דער פאדערונג צו בעקומען א גענוגטוהונג פאר די חרפה וואס מען האט איהר אנגעטהון, אז זי איז אייניג אין קאמפף אום איהרע הייליגסטע רעכט. און זאל די פאדערונג הילכען פון לאנד צו לאנד, פון פאלק צו פאלק, ביז זי וועט ערפילט ווערען.

ניעדער מיט די פריוווילעגיען!

ניעדער מיט די פאלקס פיינד!

עס לעבע דאס אלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואהל־רעכט!

דער סאציאל־דעקראטישער פערבאנד איז עסטרייכישען פארלאמענט.

די געזאמט־פארטיי פערטרעטונג פון דער סאציאל־דעמאקראטיע אין עסטרייך.

## אומזיסטע מיה.

אימזיסט וואלטען מיר זוכען אין גאנץ אייראפא אזעלכע אונגערעכטיגע וואהלען אין די פארלאמענטען ווי אין עסטרייך און אונגארן. אומזיסט וואל־טען מיר מאקע אויך זוכען נאך א מלוכה, וואס זאל אזוי אויסגעפרעסען ווערען פון די נאציאנאלע צאנקעריי ווי די מלוכה עסטרייך־אונגארן. אנפאנ־גענדיג פון טהראן און ענדיגענדיג אויף די ארעליגע און נייסטליכע, האבען זיי אלע בעהאלטען זייערע רעכט און פריווילעגיען נור א דאנק דעם ארומ־רייסען זיך פון די בעזונדערע נאציאנען. אבגעבענדיג די לענדער אויף די רויב פון זייערע ארעליגע און גייסטליכע האט דער טהראן בעהאלטען פאר זיך א האלבע מיטעלאלטערישע זעלבסטהערשונג, ניט אומקוקענדיג זיך אויף די געשריעבענע קאנסטיטוציע. די צוויי פאקטען: די נאציאנאלע צאנקעריי און די רעכטסלאזינקייט פון פאלק שטעהען צווישען זיך אין ענגער פער־בינדונג. רייסען האט זיך איבער וואס נור די בורזשואזיע פון די נאציאנען, ווייל יעדע פון זיי וויל הערשען. דאס ארבייטער פאלק אבער האט ניט קיין שום או־זאכע צו א מחלוקות מיט דעם ארבייטער פאלק פון דער צווייטער נאציאן: זייער קלאסען אינטערעסען זענען איינע און די זעלבע.

דאס זעלבע איז מיט דעם עסטרייך־אונגארישען קאנפליקט. אין אונגארן הערשט א קליינע קליקע גרויס גרונד־בעזיטצער. פון איין זייט זיינען דארט אונטערדריקט די ניט אונגארישע נאציאנען, וועלכע זענען זאגאר גרעסער אין דער צאהל ווי די אונגארישע נאציאן: פון דער צווייטער זייט איז זאגאר דאס אונגארישע פאלק בעזייטיגט פון די וואהלען.

כל זמן עס איז געוועזן שלום איז אלעס געגאנגען כשורה. האט זיך אבער פארוואלט די אונגארישע מאגנאטען נאך מעהר מאכט: זיי האבען געוואלט איבערנעהמען די מאכט איבער די ארמעע כדי צו האבען א שטיטצע אין א עת צרה. אדער קאנקרעט גערעדט אין א צייט פון א קאנפליקט מיט'ן טהראן, ווייל אין דער היינטיגער קאפיטאליסטישער ארדנונג איז נור דער א תקיף, ווער עס האט הינטער זיך א גרויסע מיליטערישע מאכט. דער טהראן האט אויף דעם ניט געקענט צושטעהען, ווייל, אהן א מיליטערישע מאכט וואלטען קיין שום זכיות ניט העלפען... דאס איז דער סוד פון דעם קאנפליקט, וועלכען פיעל נעהמען דורך א טעות פאר א קאמפף אום פרייהייט. און דער ווירקליכקייט איז עס א געוועהנליכער קאמפף אום פריווילעגיען.

דער קאמפף האט זיך זעהר פערשארפט. קיינער פון די צוויי צדדים וויל אויף א האר ניט נאכגעבען. די שטאאטס מאשין איז געבליבען שטעהען, עס האט אנגעהויבען צו פעהלען אויף הוצאות. אויבען איז מען געווען אין פערצווייפלונג. מיט גוטען איז שוין דא גאר ווייניג האפנונג איינצונעהמען די אונגארישע מאגנאטען און מיט בייזען — מי יודע... דאס זענען נישט קיין סטרייקענדע ארבייטער אדער פויערים, דאס זענען: האפראטען, גילדערנע קאלנער, עקסעלענצען, עס פעהלען זאגאר אין דער חברה ניט קיין געוועזענע מיניסטארען.

---

## גענאסען, פערשפרייט די „יודישע ארבייטער ציימונג"!

---

# פעליעטאן.

oooo

## אן אויפרוף.

פון

זיגמונט ניערזוויצקי

(א מעשה אלט ווי די וועלט)

אין דער האך־שטארט אויף דער סטאציע פון צענטראל־טעלעפאנען איז געווען א געטומעל. צוועלף גלעקלעך האבען מיט איין מאל געקלונגען. זיי האבען אלע אנדערע פערטויבט. צוועלף גלעקלעך פון די צוועלף מיטגלידער פון ראטה, וועלכע האבען צושאפען מיט דער רעגירונג, די זא געגאנטע „ראטה פון די אלטע". מיט איין מאל ווילען די רעדען, מיט איין מאל פערלאנגען די פעראייניגונג. מיט איין מאל, אלע צוועלף!...

אזו ווי דאס טעלעפאנישע פערסאנאל האט צו פרידען געשטעלט די פאדערונגען, האבען די מיטגלידער פון ראטה אנגעהויבען לארמידען איינער צום צווייטען:

— וועהר א וויכטיג געשעפט!... אויף די עקען פון די גאסען האט מען אויסגעקלעפט אן אויפרוף מיט'ן נאמען: „די יונגער צום פאלק", די מאסען לייענען... כמעט רופענדיג צו א רעוואלוציאן... מיר מוזען זיך באלד צוזאמען קומען!

אין צעהן מינוט ארום זענען זיך צוזאמען געקומען אין רעגירונגס פאלאסט עלף אלטע, יעדער מיט א סטענאגראם פון'ם שרעקליכען אויפרוף, וועלכער ס'האבען אבגעשריבען די סעקרעטער אין איילעניש פון די אויפרופען וואס זענען געוועזן אויסגעקלעבט אויף די ווענד. נאך דעם צוועלפטען — א פאעט — האט מען געדארפט שיקען, ער האט פון גאר ניט געוואוסט, געוועהנליך ווי א פאעט.

מען האט פערגלייכט די טעקסטען. א נייסט פון איבערקעהרעניש האט גע־קלינגען אין יעדעןווארט פון אויפרוף — איינער פון די, וועלכע מאכען בונטען, ווי כלומרשט א בליץ פון א איבערראשענדען שטורם, ווי כלומרשט דער ערשטער שאס פון דער בלוטיגע מלחמה.

„די יונגער צום פאלק". אך, די יונגער, די יונגער!... אייביג דאס זעלבע!.. אייביג די שטורמיגע הייזען פון ניט דערוואקסענע עלעמענטען, וועלכע רייסען זיך צו פעריכטען דאס, וואס מען האט ניט געקענט פעריכטען טויזענדער יאהרען. אייביג די קינדערישע זאמאכען פון טרוימען אויף די זאטצען פון קלונשאפט....

„אין נאמען פון הייליגען פריהלינג, וואס מאכט אויפלעבען די אלוועלט־ליכקייט" — האט דעקלאמירט דער אויפרוף...

די פריהלינגען, די פריהלינגען! דער פערסמ'טער געטראנק, מיט וועלכען די דעביוטאנטען פון לעבען טרינקען זיך אן אזוי לייכט, רייסענדיג זיך צו טראטען. יעדער פריהלינג רופט צום טעאטער פון ל'עבען נייע רעגימענטען, פערבלענדעטע רעפארמאטארען, ערוועקט אין די משוגה'נע רעגימענטען שוין צום טויזענדסטען מאל, דאס זעלבע משוגעס, וועלכעס האט שוין טויזענד מאל פערפיהרט...

עס איז אבער ניט געווען קיין צייט פון פיליזאפישע רעפלעקסען. מען האט געדארפט טהון, די אונצופרידענהייט, אלט ווי די וועלט, דער פייערדיגער מא־טעריאל, וועלכער איז געווען אנגעזאמעלט אין די מאסען אין א גרויסע צאהל, האט געקענט אויסברעכען מיט א פייער פון איין פינק.

מען האט נעגעבען א בעפעהל:

— אראב פליקען דעם אויפרוף, איינזעצען די אויטארען, פערשטארקען די מיטלען פון ארדנונג.

באלד האט מען אנגעהויבען אריין צו פאלען מיט ראפארטען. די אפישען

גענ. פֿאסט איז אנטלאָפֿען פֿון רענען אינטער די רינגע: פֿון די סעפּעראַטיסטען צו די אנאַרכיסטען. דאָס צייגט דער אויבענגעדרוקטער אַרטיקעל. מיר האָבען איהם געדרוקט כדי צו ווייזען ווי לעכעריליך די „אנאַרכיסטישע אידעען" זענען ווי נור מען נעהמט זיי ארויס פֿון הינטער'ן אויווען אין האָנאָליוליו און מען שטעלט זיי אַוועק אין א קריטישער בעלייכטונג. מיר וועלען זיך בענרענצען מיט קורצע זאַכליכע בעמערקונגען.

אונזערע קאָנגרעסען, אזוי ווי די קאָנגרעסען פֿון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ענדינען זיך מיט שלום, מיט נרייטקייט צו אַרבייטען ווייטער. אויף'ן קאָנגרעס קענען פֿאָרקומען די גרעסטע דיסקוסיאָנען, די שטאַרקסטע רייבונגען: שפּעטער אָבער, נאָך די בעשלוסען מוז זיך די מינדערהייט אין דער פּראַקטישער אַרבייט אונטערגעבען די החלטות פֿון רוב אָדער ארויסטרעטען פֿון דער פּאַרטיי. ווען ניט, וואָלטען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַלס פּאָליטיש טהעטינע פּארטייען ניט געקענט עקזיסטירען. דער אונטערשיעד צווישען די סאָצ. דעמאָקראַטישע קאָנגרעסען און די פּוילישע באַנקעטען איז: אין די סאָצ. דעמ. פּאַרטיי געהערען מענשען, וואָס רעפּרעזענטירען די אינטערעסען פֿון איין קלאַס. אָהן פֿריעדען, אָהן פּאַרטיי־דיסציפּלין וואָלט יעדע אַרבייט געווען אונמעגליך. אויף די באַנקעטען אָבער זענען דאָ מענשען פֿון פֿערשיעדענע קלאַסען און פּאַרטייען. אויף דעם בלבול פֿון „פּריווילעגיאָנס מאַנדאַטען" איז אפילו ניט כדאי צו ענטפֿערן. מיר מאַכען נור אויפֿמערקזאַם די גענאָסען און ספּעציעל די פּשעמישלער אויף דעם פֿרעכען ליעגען.

ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס נאַליציע ליענט „צווישען צוויי גרויסע בערג, וואו עס קומט קיינמאָל קיין ווינד נישט צו", האָבען דאָך די נאַליציאַנער גענאָסען שוין געהערט פֿון גענעראַלשטרייק. איך וועל נור דערמאָהנען די גרויסע דיסקוסיע אין דער גאַנצער סאָציאַליסטישער פּרעסע נאָך אין 1893־טען יאָהר, ווען די דיסקוסיאָן האָט געהאַט אין עסטרייך א פּראַקטישע בעדייטונג. אין פֿערלויף פֿון די לעטצטע עטליכע יאָהר זענען געווען צעהנדלינער אַרטיקלען וועגען גענעראַלשטרייק אין: „אַרבייטער צייטונג" „נאַפּשוד" און „יודישע פֿאָלקסצייטונג" (ב. קראַנץ'ס אַרטיקלען).

אזוי זעהט אויס די הקדמה צו דעם אַרטיקעל, וועלכער האָט געזאָלט זיין א גאַנצער הלל פֿאַר'ן גענעראַלשטרייק. לאָמיר צוטרעטען צום אַרטיקעל זעלבסט.

דער אונטערשיעד אין דער אנשויאונג אויף דעם גענעראַל סטרייק צווישען אונז, סאָצ. דעמאָקראַטען און די אנאַרכיסטען איז דער: מיר האַלטען דעם גענעראַל סטרייק פֿאַר איינעס פֿון די מיטלען, וועלכע די אַרבייטער קלאַסע נוטצט אין איהר קאַמפּף מיט די הערשענדע קלאַסען. ווי יענע מיטלען איז דער גענעראַל סטרייק אָבהענגיג פֿון דער צייט און אָרט, פֿון די אומשטענדען און ז. וו. אין בעלגיען צב. האָט דער גענעראַל סטרייק איינמאָל זיך געענדיגט מיט א זיעג, דעם צווייטען מאל מיט א מפּלה פֿון די אַרבייטער. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט אין איטאַליען. אין האָלאַנד און אונגאַרן איז ער גלייך פֿאַרשפּיעלט געוואָרען. און ווייל דער מיטעל קאָסט די אַרבייטער קלאַסע זעהר פֿיעל, ווייל אים פֿאַל ווען ער געלינגט ניט ברינגט ער מיט זיך אויף א געוויסע צייט א רעאַקציע, בענייט מען זיך מיט דעם מיטעל זעהר פֿאָרזיכטיג; מען נוטצט איהם נור אין ערנסטע פֿעלען. צב. נור וואָס האָט דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטייטאָג אין יענאַ בעשלאָסען א גענעראַל סטרייק אים פֿאַל ווען די רעגירונג וועט אָבנעהמען ביי די אַרבייטער דאָס וואַהל רעכט. דער הויפּט ציעל אונזערער איז אָבער אָרגאַניזירען די אַרבייטער מאַסען, מאַכען די קלאַסען זעלבסטבעוואוסט ווייל נור דאַן וועלען זיי קענען מיט ערפֿאָלג אויסנוטצען די קאַמפּף'ס מיטלען נעגען דער בורזשואַזיע.

נאָר עטוואָס אַנדערש איז דער גענעראַל סטרייק פֿאַר די אנאַרכיסטען. פֿאַר זיי איז ער דער א און ת פֿון זייער „טאַקטיק", פֿאַר דעם אנאַרכיסט איז דער גענעראַל סטרייק א רפואה אויף אַלע מכות, א קמיעה, ביי טאָג און ביי נאַכט, אין אַמעריקאַ און אין הישפּאַניען; אין ענגלאַנד און אין נאַליציען. עס זענען פֿאַר דער רפואה ניטאָ קיין גרענעצען ניט אין דער צייט און ניט אין שטח. פֿאַר זיי איז עס א אידעע... עס איז גענוג איינמאָל אָנצוקוקען אין לאָנדאָן און אין ניויאָרק די, צום גליק ווייניגע, פּוסט און פּאַסניקעס, וועמעס גאַנצע „געזעלשאַפֿטליכע טהעטיגקייט" בעשטעהט אין: בעקעמפֿען די סאָציאַליסטען און געניסען פֿון דעם צווייטען אנאַרכיסטישען „אידעאַל", פֿון דער „פֿרייע ליעבע"... מען דאַרף קיין טרויערליכערע ערשיינונג ניט. מיט נאוה פֿון א כפּרות־האָהן קוקט דער ערשטער בעסטער אנאַרכיסטישער עם־הארץ אויף מאַרקס לאַסאַל, בעבעל, קויטסקי, און ז. וו.

וואָס האָבען זיך בעשעפֿטיגט מיט פּאַרלאַמענטאַרען קאַמפּף. ער דאַרף קיין פּאַרלאַמענט ניט. אין א שעהנעם העלען פֿריה מאָרגען וועט ער א פּיפּס טהון. דאַן וועט ווערען א גענעראַל סטרייק און נאָכהער — א אנאַרכיע, א תהו ובהו, קאַשע מיט כאָצווינע — מיט איין וואָרט דער אנאַרכיסטישער אידעאַל.

נור ווי מיר האָבען געזאָגט, ווערט די צאַהל פֿון אנאַרכיסטישע בטלנים אַלץ קלענער. דער איינציגער מאַטעריאַל פֿאַר זיי איז: א קליינער טהייל „בונדיסטען" אויף דער עמיגראַציע. ארויספֿאָהרענדיג פֿון דער רוסישער תפיסה, פֿון דער עניפּטישער פֿינסטערניש קיין ענגלאַנד אָדער אַמעריקאַ ווערען זיי בלינד און נאָכהער — דעמאָראַליזירט. ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס ביי אונז „קומט קיינמאָל קיין ווינד נישט" איז ניטאָ א משולחת וואָס זאָל אונז אויסמיידען, איז ניטאָ א פּאָקראַקע וואָס זאָל צו אונז חאָטש אויף א קורצע צייט ניט פֿאַרבלאָנדזען....

נאַטירליך ניט מיט דיעזען גענעראַלסטרייק וועט זיך דער עסטרייכישער פּאַרטיי־טאָג בעשעפֿטיגען. אזוי ווי אין יאָהר 1893 ווערט איצט דער גענעראַל סטרייק פּראָפּאַנירט אַלס איינער פֿון די מיטלען אויסקעמפֿען וואַהל רעכט.

און נאָך איינס. גענען פּאַרלאַמענטאַריזמוס ברענגט פֿאַסט א ראיה פֿון דייטשלאַנד. נור ערשטענס איז עס קיין בעווייז ניט: מען האָט נאָך ביי די דאָרטינע סאָצ. דעמאָקראַטען דאָס וואַהל רעכט אין פּאַרלאַמענט ניט אַוועקגענומען. ווי מיר ווייסען שוין האָט דער קאָנגרעס אין יענאַ בעשלאָסען צו קעמפֿען גענען אַזאַ אַטענטאַט. מיט דער ראיה דאַרף מען אַלזאָ ווייניגסטענס.. וואַרטען. צווייטענס מיר וועלען ברענגען א ראיה פֿאַר פּאַרלאַמענטאַריזמוס פֿון אונזערע שטאַאַט נופֿא — פֿון עסטרייך. ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס די סאָצ. דעמ. פֿראַקציע איז קליין אין דער צאַהל האָט זי אַני איננעהייערע דעה און ווירקונג אויף דעם גאַנצען פּאָליטישען לעבען פֿון דער מלוכה. די מלוכה ניט נור זי וואַגט ניט אָבצונעהמען ביי דעם פּראָלעטאַריאַט דאָס וואַהל רעכט, וועלכעס ער האָט אין 1897 ערקעמפֿט, נור זי איז ארויסגעשטעלט אויף פֿרישע אַטאַקען אום דאָס אַלגעמיינע גלייכע, און דירעקטע וואַהל רעכט.

מיר ענדיגען די בעמערקונגען מיט דער האָפֿנונג, אַז גענ. פֿאַסט וועט זיך גיך אויסהיילען פֿון דעם נאַליציאַנער אנאַרכיזמוס, אזוי ווי ער האָט זיך אויסגעהיילט פֿון נאַליציאַנער סעפּעראַטיזמוס. די רעד.

# פֿון פּראָווינץ.

פּשעמישל דעם 24־טען סעפּטעמבער.

אונזער בלעכער־מייסטער יוסף פֿייערמאַן וויל נאָך נישט פֿערגעסען זיינע אַלטע צייטען. נאָך דאַכט זיך איהם, אַז ער וועט זיינע אַרבייטער אזוי אויסבויטען ווי פֿריהער. ער מיינט נאָך, אַז מאָרגען וועט קומען איין אַרבייטער צו איהם אַרבייטען פֿאַר 30 גולדען א גאַנץ יאָהר. אָבער ער איזט זיך איצט טועה, ווייל די פּשעמישלער בלעכער אַרבייטער זענען אצינד שוין אָרגאַניזירט און ווייסען שוין וואָס זיי האָבען צו טוהן מיט אַזעלכע מייסטערליך ווי יוסף פֿייערמאַן. אָבער יעדאָך זוכט דער מייסטער דעם אַרבייטערס בלוט אויסצוזאַפּען אין איין אַנדערע וייט. ער נעהמט נישט אויף קיין אַרבייטער נאָר מיט קאָסט. דאָ פֿערדיענט ער איןביידע זייטען, ווייל די צייט וואָס מען עסט מוז מען אויך אַרבייטען. און אויך וואָלט געוואָלט דער מייסטער יוסף פֿייערמאַן אַז די אַרבייטער וואָס אַרבייטען ביי איהם זאָלען נישט אנגעהערען אין פֿעראיין וואו די אַרבייטער סאָלידאַריטעט הערשט. ער זאָגט תמיד צו די אַרבייטער: קינדערליך גייט נישט אין פֿעריין צווישען גוים, ווייל מען מאַכט אויס זיך גוים. אָבער אומזאָנסט איז זיין זאָגען. אויך טרעפֿט זיך ביי איהם דאָס ער נעהמט אויף אַרבייטער זומער ווען ער האָט אַסך אַרבייט און פֿערשפּריכט זיי האַלטען ווינטער אויך. געוויס בלייבט דער אַרבייטער פֿאַר א קלענערען לאָהן; נאָר ווי עס קומט די יעצטיגע צייט ווען די אַרבייט לאָזט זיך שוין אויס, זאָגט ער דעם אַרבייטער: איך קען דיך נישט האַלטען ווייל דו ביזט איין „סאָציאַליסט"; איך וועל מיר זוכען אַזעלכע וואָס זענען נישט קיין „סאָציאַליסטען".

דערפֿאַר אָבער איז ער איין עהרליכער יוד און געהט יעדען טאָג אין קלויז אריין דאַווענען. אונד די קינדער זיינע זענען שוין פֿון דער היינטיגער וועלט אונד רעדען שוין צו דעם אַרבייטער, ער זאָל אנגעהערען אין פֿעראיין

און קיין זכר פון א וואלקען...
פון די בלויע היממעל־בייטען,
הייבען אן ארויסצושפראצען,
טויזענד נאלד און זילבער קווייטען.

דאך די בערג אין מערב שטייען
דונקעל שווארץ ווי תפיסה־טהורעמס.
אינעווייניג פעסט פערשלאסען,
לינען אננעקייט די שטורעמס...

יהואש. („פארווערטס").

# פאר'ן קאנגרעס.

די עסטרייכישע צענטראל־עקזעקוטיוו פון דער סאציאלדעמאקראטישער פארטיי האט צו וויסען נעגעבען איהרע מיטגלידער, אז אויף דעם 30 אקטאבער ווירד איינבערופען א שטאאט'ס קאנגרעס אין וויען.

נאך דעם אונזערע קאנגרעסען, איבערהויפט די גאליציישע, האבען אין די לעצטע צייטען אזא פנים נעהאט ווי די פוילישע באנקעטען, וועלכע ענדיגען זיך מיט דעם ווארט: „ליעבען מיר זיך" (Kochajmy się); מיט אויסנאהם דעם קאנגרעס וואו מען האט טראקטירט די יודען פראגע זענען אלע פערביי אהנע מינדעסטעם לעבען (?), אהנע מינדעסטע קריטיק (?), אינטערעס (?); נאכדעם עס האט זיך אויסגעארבייט זוי נענאנטע פרעוויליגיאנ'ס מאנדאטען (?!). וועלכע האבען נעוועהנליך קיינעם נישט נעפרעגט ווען זיי זענען געפאהרען (?). און האבען זיך נישט וויסענדיג נעמאכט ווען זיי זענען נעקומען צו פאהרען, עס האט נעגונט אז זיין נאמען האט פיגורירט אין סטענאגראפישען פראטאקאל, — איז דער קאנגרעס, לויט מיין מיינונג, איינער פון די וויכטיגסטע. דעריבער ליענט אים אינטערעסע פון די ארבייטער, מען זאל איהם נישט פערשלאפען, מען זאל איהם נישט מעסטען מיט דעם זעלבען צאלבענדיל ווי אלע פריהערינע. אויף די טאגעס אָרדנונג פיגורירט איין וויכטיגער פונקט און צוואר נומער 5: דער גענעראלשטרייק. מיר לעבען ווי צווישען צוויי גרויסע בערג, וואו עס קומט קיינמאל קיין ווינד נישט צו. פון דעם ווארט גענעראלסטרייק און זיין בעדייטונג האט מען איבעראל זייער אסאך גערעדט און דיסקוטירט, נאר ביי אונז צווישען די בערג וואו עס קאן קיין מאל קיין ווינט נישט צו קומען איז שטיל. דאדורך נעניס איך פון דער געלעגענהייט און וויל מיין מיינונג איבער די זאך אויסזאגען. וואס מיינט מען מיט גענעראלשטרייק *) גענעראלשטרייק הייסט איין אלגעמיינער (אלעס וואס לעבט און ארבייט) אן רייה, מען זאל אויפהערען צו ארבייטען אזוי לאנג, ביז מען וועט ערנרייכען דאס וואס מען וויל. אדער אונז זאלען מיר זיך בעסער פערשטיין הייסט דאס א פראסטער שטרייק, נאר איין געוועהנליכער שטרייק ענדערט זיך מיט דעם וואס ער נעהמט ארום ארבייטער פון איין פאך צום ביישפיעל מעלער, און איין גענעראלשטרייק נעהמט ארום אלע פאכען, אפילו קעכערס, לאקאיס, וואסער טרעגער'ס, באהן־ארבייטער אונד ז. וו. מיט איין ווארט אלעס וואס לעבט פון דער ארבייט. א גענעראלשטרייק קאן זיין אויס צוויי מאטיווען, ער קאן האבען צוויי ציעלען, א פאליטישען און א עקאנאמישען, אדער ביידע צוזאמען ווי צום ביישפיעל אצינד אין רוסלאנד וואו ער האט געהאט פאליטישע און עקאנאמישע ציעלען. פאליטיש הייסט ווי מען וויל ערדייכען מענשען פרייהייט קאנסטיטוציע. עקאנאמיש הייסט פערבעסערן די לאגע פון די ארבייטער, פערגרינגערן די ארבייט, א גרעסערען לוין אונד ז. וו. ביז אצינד איז געוועזען דאס ווארט „גענעראלשטרייק" ביי אסך פון אונזערע גענאסען זעהר פערדעכטיג. אזוי ווי א אקס האט מורא פאר א רויט טיכעל, אזוי האבען אטייל גענאסען מורא געהאט פאר דעם ווארט גענעראלשטרייק. יעדען, וועמען די אידעע איז נעפעלען האט מען גערופען אנארכיסט. דריי מאל דורך אנאנדער האט מען די אידעע פון דער טאגעס אָרדנונג אויף דעם אינטערנאציאנאל־קאנגרעס פערשאבען אבי מען זאל נאר פון איהר נישט ריידען, און אז זי האט שוין איהר פונקט אויף דער טאגעסארדנונג פון דעם עסטרייכישען קאנגרעס דארף מען דאס אננעהמען פאר א גרויסען פארטשריט אין אונזער פארטיי. איך קאן מיר מערקען פאראויס וואס פאר א סוף דער פונקט וועט האבען און ווי די דעבאטע וועט אויספאלען, ווייל מיט אויסנאהם איינינע גענאסען וועט דארט דער גענעראלשטרייק קיין פערטיידיגער האבען, יעדאך אבער דאס אליין אז ער וועט פיגורירען אין סטענאגראפישען פראטאקאל איז איין זיעג פאר דער אידעע.

ווי איך האב שוין נעזאגט, דער גענעראל שטרייק קאן דיענען אלס מיטעל צו ערקעמפפען פאליטישע און עקאנאמישע רעכטע. ביז ערשט נישט לאנג האט ביי אונז נעהערשט דער ארט איינרעדעניש, אז מיט דעם שטימצעטעל וועט מען קענען אלעס ערדייכען, דערווייל די לעצטע צייטען האבען אויסגעוויזען אז דאס איז פאלש.

פאר א ביישפיעל קען אונז דיענען דייטשלאנד. וואו איינינע אכציג אונזערע גענאסען זענען אריין נעקומען אין פארלאמענט און צום לעצט זענען זיי מאכטלאז, און ווי עס לאזט זיך הערען וויל די דייטשע רעגיערונג דאס שטימצעטעל פארשמעלערען, דאס הייסט, זי וויל דאס שטימען פון די ארבייטער פארענגערן, פארקירצען. פון דאנען האבען מיר איין לעהרע, אז דאס שטימצעטעל קאן אונז אומבעדינגט נישט געבען דאס וואס מיר ווילען ערדייכען, ווארום אזוי ווי מען האט אונז דאס שטימרעכט געגעבען אזוי קען מען עס לייכט (?) אפנעהמען. דאדורך בלייבט אונז נאר נישט אין דער האנד נאר אונזערע ארבייט, ווייל דאס קאן ביי אונז קיינער נישט אוועקנעהמען. מיר טארען נישט ווארטען אויף דעם וואס די בורזשואזיע וועט אונז נעבען פון איהר טיש דאמיט זי זאל שפעטער האבען וואס אפצונעהמען און דאדורך מוזען מיר פאר אונזער בעסטען און ריכטיגסטען קאמפף אנערקענען דעם גענעראל שטרייק. טייל פון אונזערע גענאסען אנערקענען דעם גענעראלשטרייק אלס מיטעל צום צוועק. דאס הייסט ערקעמפפען דאס וואהל־רעכט. דאס איז אבער פאלש, ווייל אנשטאט צו פערווענדען די קראפט פון גענעראלשטרייק פיר דעם וואהלרעכט קאן מען איהם פערווענדען אלס מיטעל צום ציעל, דאס הייסט ערדייכען דאס, וואס אונז וויל מיר דורך די וואהלרעפארם דורכפיהרען. יעדענפאלס אזוי אבער אזוי איינס פון די בעסטע מיטלען איז דער גענעראלשטרייק. איך וויל דא נישט פארברענגען דעם פארטראג פון יאהרע 1904, וועלכען דאקטאר פריעדבערגער האט נעהאלטען אין בערלין און אין וועלכען ער זאגט אז מיט רעדען, אפילו מיט די בעסטע, קען מען קיין רייכסטאג ניכט איבערקעהרען אבער אונטער דער קראפט פון גענעראלשטרייק מוז אלעס (?!) קראכען.

מ. פאסט.

*) דאס ווארט גענעראל שטרייק האט איינינע פון די אומבעוואוסטע גענאסען דערפרייט, זיי האבען געמיינט אז די עסטרייכישע געגערעלע ווילען שטרייקען..

---

דערליכע, און די וואס פערשפרייטען דעם אויפרוף דארפען זיין געשטראפט. דאס איז מיין שטימע.

ווען ער האט דאס אבגעזאגט האט ער א נידער געלעגט די הענד אויף דעם נעזעצ־בוך, און די איבריגע אויף א צייכען פון איינשטימונג האבען געטהון דאס זעלבע.

מען האט נור מורא געהאט פאר'ן יונגסטען פון ראטה וועלכער האט נעשטימט אם לעצטען — פאר'ן פאעט....

דאס איז געוועזען א גייסט פון א אפאזיציאן, אן אלט קינד, ניט קענענדיג פערגעסען די יונענדליכע פאנטאזיעס, ערוועקענדיג זיין איבינע Vota seperata איינמיטהינקייט פון די בעשליסונגען פון ראטה, וועלכער איז אויסגעקליבען צו פערלעשען דאס פייער פון רעגירונגס זאלען. צו פערנעהמען די נאס, וועלכע האט געשעצט דעם זינגער פון זיינע גאיווע חלומות. מען האט געווארט, וואס ער וועט טהון, דערמאנענדיג מיט די אויגען: דאס אין א יאהר ארום ענדיגט זיך זיין מאנדאט!

דער פאעט האט פערשטאנען און האט געטראכט: „ועקס און זעכציג יאהר בין איך געוועזען יונג, ווען אנדערע אין דער העלפט יאהרען זענען שוין אלטע, צו איז דאס ניט נענוג?... מען דארף בעצאהלען חוץ דעם די נאטור, מען דארף לאזען צו רוה דאס שפילען אין יונענדליכקייט.

און ער האט צו נעגעבען זיין שטימע צו די אנדערע.

און עלף פאר הענד, אלטע און נעערטע דאבען אפלאדירט דעם חבר, וועלכער איז אם ענדע אראב פון די וואלקענס אויף די ערד, און האט זיך רעצידירט צו זיין אלט.

איבערזעצט נ. קאקעס.





# Do Ameryki i Kanady!

przeprawia najtaniej i najlepiej pospiesznymi i pocztowymi, wprost bez żadnego przesiadania z okrętu na okręt:

Generalny agent

## M. G. Freudberg, ANTWERPIA 10. Van Leriusstraat (Belgia)

Odjazd do **Nowego Yorku** co sobotę; do **Kanady** co 10 dni! Wikt najlepszy, usługa staranna.

Niechaj nikt pierwej nie jedzie za morze, zanim od te Agencyi nie otrzyma wyjaśnień i cennika, który wysyła się chętnie i darmo.





## די ביללינגסטע

## בעצוגסקוועללע

און ג טען איהרען, נאָלד און זילבער, ביזשוטערי, אוהרען־בעשטאנד־
טיילע אין ווערקציינגע, ווי אייך מוזיק־אינסטרומענטע איזט ביי

## IGNATZ CYPRES, Krakau

**FLORYANERGASSE 49.**

איינע ניקעלטאשענאוהר מיט 36 שטיק פרימא ווערקע מיט אויפ־
שריפט .סיסטעם ראָסקאָפף׳ מיט דרייאיעהרינער גאראַנטיע זאמט
שענער ניקעלקעטע און לעדערבייטעל פל. 1.95.

ביי אבנאהמע פֿון דריי שטיק פל. 5.50, זעכס שטיק פל. —.10.

רייך איללוסטרירטער פרייז־קוראַנט מיט 800 אבבילדונגען גראטיס
און פֿראנקאָ.

אגענטען ווערדען געזוכט!

## Darmo i opłatnie

otrzyma każdy mój bogato illustrowany cennik



**Instrumentów muzycznych**

**oraz różnych zabawek**

## A. Scheuer, Kraków

**ulica Grodzka L. 59/6.**

## F. MISSLER, BREMEN.



## CESARSKIE PAROWCE

| | |
|---|---|
| „Kaiser Wilhelm II.“ | 215 metrów długi |
| „Kronprinz Wilhelm“ | 202 metrów długi |
| „Kaiser Wilhelm der Grosse“ | 198 metrów długi |

**jadą Bremy do Nowego Yorku 6 do 7 dni.**

Odjazd we wtorki.

Cesarskie parowce jadą tylko z **Bremy**, kto więc chce cesarskimi parowcami jechać, **może zupełnie swobodnie bez przeszkody podróżować**, nikt nie ma prawa zabronić mu tego. Każdy powinien już w domu postanowić w jakim kierunku jechać zamierza i nie powinien w drodze dać się namówić, lub odwieść od swego zamiaru.

**Każdy ma swoją wolną wolę i może za swoje pieniądze podróżować dokąd chce.**

W każdym jednak razie należy się zawczasu postarać o miejsce na statku, a dla zapewnienia tegoż należy wcześnie nadesłać na mój adres 20 koron zadatku.

**F. Missler, Bremen, Bahnhofstrasse 30.**

## די אידישע ארבייטער ביבליאטעק

פֿון

## דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי.

גן־עדן התחתון. פרייז: 2 העלער.
קאוטסקי. די אונאַבהענגיקייט פֿון פוילען. פרייז: 10 „
פייגענבוים. ווי קומט א יוד צו סאָצ.? פרייז: 20 „
א. ווראנסקי. די אידען אין פוילען. פרייז: 10 „
ש. דיקשטיין. פֿון וואָס איינער לעבט. פרייז: 20 „
וואָס יעדער ארבייטער דאַרף וויסען און געדענקען. 30 „
ליעבקנעכט. די וואַהרהייט איבער דעם סאָצ. 30 „
די אַרבייטער רעוואָלוציאָן. פרייז: 15 „
א. דעמבסקי. סטאַניסלאַוו קוניצקי. פרייז: 10 „
ם. מיכלזאָהן. הערשעל דער שניירער. פרייז: 10 „
לאַטאַרניק. יאַראָסלאַוו דאָמבראָווסקי. פרייז: 10 „
שפיאָן. פרייז: 15 „
לאטאַדניק. די גרויסע פראנצויזישע רעוואָלוציאָן. 20 „
ב. א. י. לורוויג וואַרינסקי. פרייז: 20 „
אַמעריקאנער. פיל יפינא פלאַסקאָוויצקא. פרייז: 10 „
אָרבייטער געדיכטע. פרייז: 30 „
ב. א. י. אַוגוסט בלאַצקי: פרייז: 10 „
אָ קלאָרער ענטפער (ביילאַגע צום 8־טען נומער „ארבייטער״). פרייז: 15 „
די אַרבייטער סאָלידאַריטעט און דער קאַמפף אום דאזיין. פרייז: 10 „
פֿערדינאַנד לאַסאַל. פרייז: 15 „
ם. מיכלזאָהן. טאַדעאוש קאשציושקאָ. פרייז 20 „
ב. פייגענבוים. דער רעכטער וועג. א ויכוח וועגען די פוילישע סאָציאַליסטיש פאַרטיי און איהרע פֿאָדערונגען, אין צוויי טהיילען. פרייז: 80 „

די אַלע בראשורען ווי אויך אַלע פוילישע אויסגאַבען פֿון פ. פ. ס. זיינען צו בעקומען אין דער אדמיניסטראציאָן פֿון .פשעדשוויט׳ Kraków, Grodzka 50.

נאָר צו די ציוניסטען און ווילען ווי אין קורצען זיין אין ציון, און דער פּאטער זאָל אויסכוימען דעם אַרבייטער מעהר ווי ער ביימעט איהם דאָ אויס.

לייב שמערצלער.

# כראניק.

## די טערריטאָריאַליסטען.

— פון בערלין שרייבט מען צום „פריינד": ישראל זאנגוויל אַרבייט אין דער טעריטאָריאַליסטישער זאַך מיט גרויס התמדה און שטאַרקע האַפנונגען. ער פיהרט פּער־האנדלונגען מיט דער ענגלישער מ'לוכה, און נאָך מעהר אַרבייט ער צווישען די יודישע כלל־טהוער, דערהויפּט צווישען די, וועלכע האָבען ניט געוואָלט צושטעהן צו דער ציוניסטישער אַרבייט. ניט לאַנג האָט ער אין לאָנדאָן צוגעצויגען צו דעם ענין דעם בעוואוסטען פובליציסט לוסיען וואָלף, וועלכער פערנעהמט זיך איצט זעהר פיעל מיט כלל זאַכען און האָט אַ נאָמען ביי די לאָנדאָנער יודען. דער דאָזיגער וואָלף איז געוועזען איינער פון די, וועלכע האָבען געפיהרט מלחמה געגען דעם ציוניזם, און איצט איז ער נאָך לאַנגע וכוחים מיט זאנגוויל'ן צוגעשטאַנען צו דעם טעריטאָריאַליסטישען ענין און איז זיך שוין מתעסק דערינען.

וואָס זאנגוויל האָט אויסגעפיהרט אין פראַנקפורט, האָב איך שוין מודיע געוועזען בלוי און האלגאַרטען, וועלכע האָבען דאָרט צוגעזאָגט זייער הילף, געהערען צו די פראַנקפורטער בעוואוסטע יודישע כלל־טהוער און זענען אויך אַקציאָנערען פון יק"א. דאָ אין בערלין האָט זאנגוויל אין די דריי טעג, וואָס ער האָט דאָ פערבראַכט, דערהויפּט דער־גרייכט, אַז ד"ר פויל נאַטאַן, וועלכער איז אין יודישע ענינים אין די לעצטע יאָהרען געוואָרען אַ שטאַרקע האַנד, האָט זיך מתחיב געוועזען בעהילפיג צו זיין דעם ענין, ווי באַלד עס וועט נור זיין אַ רעכטע טעריטאָריע פאַר יודישע קאָלאָניזאַציע. אייגענטליך האָט ד"ר נאַטאַן שוין אויף דער פראַנקפורטער קאָנפערענץ וועגען עמיגראַציע פאַר־אַ יאָהרען ווינטער געגעבען צו פערשטעהן, אַז ער האָט שטאַרקע סימפּאַטיען פאַר אַ לאַנד פאַר יודען, נאָר נאָך די אונטערהאַנדלונגען און וכוחים מיט זאנגוויל'ן, וועלכער האָט אויף איהם געמאַכט אַ גוטען רושם, האָט ער זיך קלאָר אַרויסגעזאָגט פאַר דעם רעיון. עס איז דערפאַר געוויס, אַז אויך דער „הילפספעראיין פון די דייטשע יודען" וועט אָננעהמען אַ רעזאָלוציע פאַר דעם ענין, און קוקענדיג אויף נאַטאַנ'ען וועלען אין בערלין צושטעהן נאָך אַנדערע יודען, וועלכע קאָנען פיעל טהון אין דער זאַך. אויך פון אַמעריקאַ, וואו זאנגוויל האָט געפיהרט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע מיט עטליכע חדשים צוריק, האָט ער גוטע ידיעות. זולצבערגער שרייבט איהם, אַז פאַר דעם טעריטאָריאַליסטישען רעיון שטעהט איצט אַ גרויסער טייל אַמעריקאַנישע יודען, און ער קאַן רעכענען אויף גרויסע הילף.

פון בערלין איז זאנגוויל אוועק צוריק קיין לאָנדאָן, וואו ער וועט קומענדיגען מאָנטאַג אויף אַ מיטינג האַלטען אַ רעדע וועגען טעריטאָריאַליזם.

## א ציוניסטישער פּאַרטראַג.

שבת דעם 23־טען האָט דער פועלי ציוניסטישער פובליציסט וויטעבסקי געהאַלטען אַ פאָרטראַג איבער טעריטאָריאַליזמוס. דער צימער אין „אחדות" איז געוועזען געפּאַקט מיט פּאַלעסטינער, טעריטאָריאַליסטען און סאָציאַליסטען. גאַנצע דריי שטונדען האָט דער רעדנער געהאַלטען דעם עולם, וועלכער האָט איהם גיט אָנגעהויבען צו פערשטעהן. ווייניגסטענס קען איך עס זאָגען פון מיך, גיט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איך פערשטעה גוט דעם ליטווישען זשאַרגאָן פון דעם פרעלעגענט און בין בעלעזען אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור האָב איך ניט געקענט דערגעהן, וואָס דער פרעלעגענט וויל. דאָס איז וואַהרשיינליך דעריבער ווייל ער האָט געהאַט זעהר אַ שווערע אויפגאַבע: בעווייזען פון מאַטעריאַליסטישען שטאַנדפּונקט, אַז זיי, די „פועלי ציון" זענען אמת'ע סאָציאַל־דעמאָקראַטען און די טעריטאָריאַליסטען מיט די „בונדיסטען (אַ שעהנער שדוך!) זענען קליינבירגערליך געזינט. נאַטירליך האָט זיך דאָס פובליקום געהאַלטען אינרוהיג און געשטערט דעם רעדנער. עטליכע מאָל האָט מען זאָגאַר געזעהן אויפגעהויבענע שטעקענס, געדריקטע פויסטען און נאָך אַנדערע כלי מכשירים צום קאַמפּף. נור ווי עס זעהט אויס זענען שוין די ציוניסטען אַזוי דערצו צוגעוויינט, אַז זאָגאַר די פרויען האָבען זיך ניט דערשראָקען און רוהיג צוגעקוקט... איין זאַך האָט מען אָבער געקענט קאָנסטאַטירען, אַז די אחדות, דער שלום אין ציוניסטישען לאַגער איז שוין אַ נעכטיגער טאָג. ביי די יודישע סאָצ. דעמ. אין קראָקוי איז איצט אויך דאָ אַ טהיילונג, אָבער דאָס האָט אַ לאָקאַלען כאַראַקטער, עס האַנדעלט זיך אום אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגען; ביי די ציוניסטען אָבער איז די טהיילונג אַ פּרינציפּיעלע. איין טהייל וויל נור פּאַלעסטינע, דאָס אַנדערע וויל וואָסער איז טעריטאָריום, נור ניט פּאַלעסטינאַ. אויף אַזאַ טהיילונג איז שוין קיין רפואה ניטאָ. נאַטירליך זענען מיר די לעצטע, וועלכע נעהמען זיך דאָס צום האַרצען.

נור איין זאַך זענען מיר נייגיריג, דער פרעלעגענט זאָל אונז ערקלעהרען פון מאַטעריאַליסטישען שטאַנדפּונקט: ווי אַזוי די „אמת'ע סאָציאַל־דעמאָקראַטען" הויזען אין איין לאָקאַל מיט דעם סוחרישען פעראיין „ציון"? צו איז עס דערפאַר, ווייל זיי גיבען די מאַטעריאַליסטישע... קלינגערס? (?)

## דער סכסוך צווישען שוועדען און נאָרוועגען.

ביז איצט האָט מען נאָך אַלץ געגלויבט, אַז די צוטהיילונג פון נאָרוועגען און שוועדען קאָן פיהרען צו אַ קריעג צווישען די ביידע ברידער־פעלקער אין סקאַנדינאַוויען; די לעצטע טאָג אָבער ווייסט מען שוין אויף געוויס, אַז די סכסוכים צווישען שוועדען און נאָרוועגען זענען אין די וויכטיגסטע פּרטים אויסגעגליכען, און דער פריעדען צווישען ביידע פעלקער איז געזיכערט.

די מעלדונג וועגען דעם האָט מען אומעטום אויפגענומען מיט פרייד.

# די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין רוסלאַנד און אין רוסיש־פּוילען.

## די וואַהלען אין רוסלאַנד.

— אין „נאָוו. וור." ווערט געבראַכט אַ ביישפּיעל, ווי אַזוי עס קומען פאָר די וויבאָרעס ביי די פּויערים. אין קראַסנאָסלאָבאַנער וואָלאָסט, קאַזאַנער גובערניע, האָט מען בעדאַרפט אויסקלויבען אַ סטאַרשינאַ. צו די וויבאָרעס איז געקומען דער זעמסקי נאַטשאַלניק. „הע'ט נור, האָט ער געזאָגט צו די פּויערים, איהר דאַרפט וויסען, אַז די וויבאָרעס ווענדען זיך איינגאַנצען אָן אייך, איהר מעגט אויסקלויבען פאַר אַ סטאַרשינאַ וועמען איהר ווילט; קיינער טאָר אייך דערינען קיין דעה ניט זאָגען". די פּויערים האָבען זיך אַ ביסעל מישב געווען און אָנגערופען איינינגע נעמען, וועמען זיי האָבען ברעה צו שטעלען אויף די וויבאָרעס.

„און אפשר איז אַ סברא, האָט זיך אָבגערופען דער זעמסקער נאַטשאַלניק, אַז איהר זאָלט שטעלען אויף די וויבאָרעס אויך סידאָראָוו'ן? ווייסט איהר וואָס? לאָמיר טאַקע אָנהויבען פון סידאָראָוו'ן? ווער עס איז אויף איהם ניט מסכים — זאָל אָנטהון די היטעל".

די פּויערים האָבען זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן. אפנים זיי האָבען פערשטאַנען, וואָס דער אדון פערלאַנגט... איין פּויער, דער סאַמע מוטהיגסטער, האָט זיך אָנגעהויבען אַ ביסעל אונטערצוקראַצען און האָט אַרויפגעשלעפּט די היטעל. „האַ, האָט אַ געשריי געטהון אויף איהם דער נאַטשאַלניק מיט גרויס כעס, דו אונפערשעמטער מענש! סטייטש, דו טהוסט אָן אַ היטעל בשעת איך בין דאָ דערביי; און אויסערדעם — דעם קייזער'ס בילד העננט, דאָך עפּיס אָנטקעגען!"

עס פערשטעהט זיך אַז סידאָראָוו איז אויסגעקליבען געוואָרען איינשטימיג...

וואַהרשיינליך וועלען אויך אַזוי אויסזעהן די וואַהלען אין דער דומאַ. ניט אומזיסט וויל די רוסישע רעגיערונג אַזוי פיעל פּויערים האָבען אין פאַרלאַמענט.

## מען ניט זיך אַ עצה.

אין רוסלאַנד קען מען פאַר געלד אַלץ בעקומען אפילו... די ביקסען ביי די זעלנער. ווער עס גלויבט ניט זאָל לעזען דעם פאַקט:

— „קיעווליאַנין" מעלדעט, אַז די טעג האָט זיך דער קיעווער געהיימער פּאָליציי איינגעגעבען צו ענטדעקען אַ קאָמפּאַניע אַרמענער, וואָס פערנעהמט זיך מיט שאַפען געוועהר. די קאָמפּאַניע איז געוועזען גוט אָרגאַניזירט. די אָנפיהרער פון דער קאָמפּאַניע האָבען געהאַלטען אין קיעוו בעקערייען. דורך סאָלדאַטען־אַרמענער פלעגט די קאָמפּאַניע צונויפקויפען פיעל געוועהר צווישען דעם מיליטער. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין דעם קיעווער מיליטער־גאַרניזאָן זענען די לעצטע איינינגע יאָהר געגנב'עט געוואָרען פיעל ביקסען און די גנבים האָט מען ניט געכאַפּט. די געהיימע־פּאָליציי האָט ענדעקט איינינגע אַרמענישע סקלאַדען פון געוועהר. איין סקלאַד האָט זיך געפונען אין רעכטען צענטער פון שטאָדט, אין אַן אַרמענישער בעקעריי. אין דעם סקלאַד האָט מען געפונען: סאָלדאַטסקע ביקסען, שטיקעס, שווערדען, רעוואָלווערען און אויך טיילען פון ביקסען. אויך האָבען זיך דאָרטען געפונען גאַנצע זעק מיט פּאַטראָנעס. אַזוינע סקלאַדען האָט מען אויך ענטדעקט אין נאָך איינינגע ערטער. ביי די אַרמענישע סאָלדאַטען, וואָס מען האָט אַרעסטירט אין דער צירצער לאַגער (ביי קיעוו). האָט מען אויך געפונען ביקסען, פּאַטראָנעס און פּולווער. צווישען די אַרעסטירטע געפינט זיך אויך אַ רוסישער סאָלדאַט.

## פּאָליטישע פּראָצעסען.

אין דער קיעווער סודעבנע פּאַלאַטע וועט דעם 29־טען סעפּטעמבער פאָרקומען אַ פּראָצעס וועגען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען: טשערנאָחאָווער, ראַוויטש, סינעלניקאָוו, חנה סוועט, לאה קריזשאַנאָווסקאַ און מערע בערמאַן. זיי זענען אָנגעקלאָגט געוואָרען לויט דעם 126־טען אַרטיקעל פון דעם שטראַף־געזעץ־בוך, ד. ה. וועגען אַנ'אַטענטאַט.

# בריעף־קאַסטען.

ש. שפּירא, בראָדי, שרייבט יודיש.